

# רויטהיטלע

№ 2

פארלאג „קינדערטעאטער" ווארש

# רויטהיטעלע

אַ קינדערפֿאָרשטעלונג אין צוויי אַקטן.






№ 2

פֿאַרלאַג „קינדערטעאַטער", וואַרשע
תרפ״א 1921.

## פערזאנען:

**רויטהיטעלע** — א רירעווודיק מיידעלע פון א יאָר נײַן; טראָגט א רויט. היטעלע אויפן קאָפּ.

**די מאמע.**

**די באָבע.**

**יואל שמש** — א ייִד מיט א געלב בערדל און מיט א גרויסן שטעקן אין האַנט.

**דער וואָלף** — טראָגט א גרויסע פעל אויפן קאָפּ.



אין דער ערשטער סצענע ווערט פאָרגעשטעלט א הייזל, דערביי א געדיכטער וואלד מיט א לאַנג שמאָל שטעגעלע.

אין דער צווייטער סצענע ווערט פאָרגעשטעלט א צימער פון א וואלד־הייזל. אויף די פענסטער — בלומען; אויפן טיש — פלעשלאך פון רפואות. ליגנדיק פירט א מיר אין אלקערל אריין.

# ערשטער אקט.

## ערשטער אויפטריט.

(די מאמע. רויטהיטעלע)

די מאמע:

(לייגט-אריין אין קוישל א פלאש וויין, א טעלער מיט קיכעלאך און פרוכטן): קום, טעכ-טערל, קום, מיין ליב קינד!

רויטהיטעלע:

(לויפט-אריין) שוין, מאמעשי, איך בין דא, הייסט, מאמשי, איך האב געמאכט א שיין בוקעטל. זייער שיינע בליטעלאך... א מתנה דער באבעשין וועט עס זיין... איך ווייס, די באבעשי האט

ליב בלויע בליטעלאך , ווערט עס איר געפעלן ... ווערט זי מיך זייער ליב האבן . אמת , מאמעשי ?

די מאמע:

יא , טעכטערל . לאז גריסן די באבעשי , און גיב איר איבער דאס קוישל . איך שיק איר דא אפלעשל ווייץ , קיכעלאך און פרוכטן . די באבעשי איז נישט געזונט מיין קינד , הערט זי זיך א ביסל דערקוויקן דאס הארץ . . .

רויטהיטעלע:

מאמעשי . . .

די מאמע:

וואס , מיין נחת ?

רויטהיטעלע:

און איך שינק דער באבעש
צוויי רויטע עפעלאך... אליין געקויפט...
ווי צוויי שפיגעלאך גלאנצן זיי...

די מאמע:

נו, טעכטערל, גיי צו דער באבעשין, ווארום עס איז שוין שפעט.

רויטהיטעלע:

ווייסט, מאמעשי, סומנע צו גיין דורכן וואלד... ביימער, זיי רוישן... אלעמאל רוישן זיי...

די מאמע:

שרעק זיך נישט, קינד מיינס. מען טאר זיך נישט שרעקן... גאט זיצט אויפן הימל און היט אלע קליינע קינדערלאך אויף דער ערד... גיי רוהיג, מיין נחת... דעם וועג ווייסטו דאך: פריער גלייך, נאכדעם רעכטס און מען זעהט שוין דער באבעס

חייעלע... [illegible] מיין קינד:
ריים נישט קיין יאגדעס אין וועג, ווארום
דו וועסט פערשפעטיגן... פון וועג וועסטו
זיך אראפשלאגן... זעה, זאלסט נישט
צוברעכן דאס פלעשל. ניי, ניי, מיין קינד.

רויטהיטעלע (שאקלט מיטן קעפל):

א גוטן טאג, מאמעשי.

די מאמע:

א גוטן טאג דיר, נחתל מיינס. זאלסט
נישט שטיפן, דבורהלע

רויטהיטעלע (צולאכט זיך):

איך שטיף דאך נאר א ביסעלע...

די מאמע:

נו, ניי, ניי, מיין קינד.

## רויטהיטעלע

(גייט-אוועק און שרייט גייענדיג):

איך וועל קומען צוריק ביינאכט,
ביינאכט, ביינאכט...

(הינטער דער בינע הערט זיך זינגען,
רויטהיטעלע זינגט).

גלאנצט, גלאנצט, אויבעלאך,
טאנצט, טאנצט פייגעלאך,
אין א רעדל, רעדעלע,
אין א קאַרעַרעדעלע.
זאל ארום זיך פרייען,
פרייען זיך און דרייען,
וואלד און הימל, אלדאסדינג,
זאנג-זינג, זאנג-זינג!
טראל-לא-לא, טראַ-לאַ-לאַ!...

(דאָס געזאנג שטאַרבט ביסלאכווייז אָפּ)

---

## 2-טער אויפטריט.

### די מאמע.

(אליין, קוקט-ארויס פון פענסטער, רעדט צו זיך).

ניי, ניי, מיין נחתל. איך זעה, אז דו גייסט פרייליך און מונטער. ניי, ניי, מיין קרוין. זאל דיך גאט באשירמען.

## 3-טער אויפטריט.

### וואלד, רויטהיטעלע, וואלף.

רויטהיטעלע —

(גייט לאנגזאם, האלט דאס קוישל אין דער האנט, זוכט אינם גראז. פון צווישן דיביימער בעווייזט זיך דער וואלף)

דער וואלף:

אַ שיינעם גוטמאָרגן דיר, מיין גאלדן-זומערפייגעלע!..

רויטהיטעלע (קוקט זיך אום, צולאכט זיך):

אַ, וועלפעלע, וואס מאכסטו?

דער וואָלף (שפרינגט צו נענטער):

וואוהין גייסטו, רויטהיטעלע?

רויטהיטעלע:

צו דער באבעשי.

דער וואלף:

אזא גרויסן קויש טראָגסטו! זאָג, שיין איינעלע, וואס האסטו דאָ?

רויטהיטעלע (שעלמיש):

הער, וועלפעלע, וואס איך טראג: וויין,

מייעדע פרובטן, קיכעלאך און אנגעפרענלט הינדעלע, וואס דו האסט עס גארנישט פיינט..

דער וואלף (באלעקט זיך):

אי-אי, העזעלע, דיין ווין וואלט איך אויסגעטרונקען מיט איין קנאק...

רויטהיטעלע (העצעט אים):

וועלפעלע, דאס הינדעלע איז נאך בעסער.

דער וואלף:

נו, א הינדעלע, מיין קרוין, האב איך זייער, זייער ליב, אבער איך וועל עס נישט אנרירן... (צו זיך) צוערשט וועל איך דיך אויפעסן...

רויטהיטעלע (גיט א שפרונג):

פעטער וועלפעלע, דאס הינדעלע איז

טאקי נישט פאר׳דיר, נאר פאר מיין טייערער באבעשי. נישט געזונט איז זי, מיין באבעשי, צום בעט ליגט זי, טראג איך עס איר צו דער קוויקען דאס הארץ.

דער וואלף (מאכט א תמעוואטע מינע):

מיין זיס בעקעלע, זאג מיר נאר, וואו וואוינט דיין באבעשי?

רויטהיטעלע.

נאך דעם גרויסן וועג לויפט אקליינער וועג, שטייט דארט, ביים קליינעם וועג, אגרין גערטנדל און אין גרינעם גערטנדל—אווייס הייזעלע און אין דעמדאזיגן ווייסן הייזעלע וואוינט מיין באבעשי.

דער וואלף (צו זיך):

איך בין זייער הונגעריג. מיט פארגעניגן וואלט איך איצט אראפגעשלונגען דאסדאזיגע דאזיגע מיידעלע צוזאמען מיטן רויטן היטעלע

אפילו . קיין בעסערן פרישטיק בעראַרף מען
נאַרנישט. אבער ווי מאַכט מען עס? אין
וואַלד דרייען זיך אַרום די האָלצהעקער און זיי
וועלן זיכער שטערן. אבער איך האָב אַ גוטן
פּלאַן. פריער, צום פרישטיק, וועל איך אויפעסן
דער באַבען און צום אוונטברויט דאָס ראָזינע
מיידעלע... (צום רויטהיטעלע) · הער נאַר,
נשמה מיינס. דו גייסט אין אַ וואַלד און די
אייגן האַלסטו אַראָפּגעלאָזט. פע, מאָוס.
קוק זיך בעסער אַרום, זעה: די ביימער שטיי-
ען הויכע און גרייכן צום בלויען הימל; אויף
די צווייגן זיצן גאָלדענע טייבעלאך; אינם גראָז
שפּרינגען-אום וועווערקעס מיט אויפגעהויבענע
עקעלאך; בינען זוכן האָניג אין די שמעקענדיגע
וואַלד-בלימעלאך, און אַ מחיהדיגער ריח פילט-
אָן די לופט. הערסטו, ווי איין פייגעלע מאַכט:
טשיריק-טשיריק-טשיריק! און אַ צווייט: פּי-פּי-
פּי! און אַ דריט: רעל-רעל-רעל! און אַ פערט:
צאַ-צאַ-צאַ! אַ מחיה אין וואַלד, נשמה מיינס!..

רויטהיטעלע (אומגערולדיג).

איך האָב קיין צייט נישט, וועלפעלע.

איך מוז גיין צו דער באָבען.

דער וואָלף (רעדט איר צו).

אייל זיך נישט אַזוי, מיין לייבטפּיסעלע. אין אַוואַלד איילט מען זיך נישט. זעה נאָר, אַזויפיל זומערפייגעלאך, אַזויפיל בלימעלאך... דיין באָבעשי, זאָגסטו, איז קראַנק, קאָנסטו איר ברענגען בלימעלאך אין מאַכן איר דערפון אַ געשראַנק. די בלימעלאך וואַקסן דאָ נאָר פאַר קראַנקע מענטשן... אייל זיך נישט, מיין צאַרט ליפּעלע...

רויטהיטעלע.

אָבער איך מוז גיין צו דער באָבען...

דער וואָלף.

וועסט נאָך גיין... ס'איז אַזוי פרי... זעה: וואַלדבלימעלאך... וואַלדפייגעלאך...

רויטהיטעל

אָבער...

## דער וואָלף

געזונד זאָלסטו מיר זיין, אין וואַלד זיי בעסער. זעה: גאַטס בהמהלאַך טאַנצן אין גראָז... בלימעלאַך שמייכלען אין די אויגן אריין...

## רויטהיטעלע.

(לאָזט-אַרויס דאָס קוישל פון דער. האַנט און קוקט זיך אַרום).

אוי, די בלימעלאַך שמייכלען טאַקי אין די אויגן אַריין... איך וועל אַנרייסן בלימעלאַך און וועל מאַכן פאַר מיין באַבעשין אַ קראַנץ... אַ קראַנץ פון וואַלדבלימעלאַך...

## דער וואָלף (צו זיך).

רייס, רייס, נשמה מיינס. דו וועסט דאָ רייסן און איך וועל דערווייל לויפן צו דיין באַבעשי און וועל מיר פאַרטיג ווערן מיטן פרישטיק. זי וועט שוין ביי מיר געזונט ווערן, דיין באַבעשי...

רויטהיטעלע.

(רייסט בלימעלאך, שטיל און פאַרטראכט, לייגט זיי צוזאמען אין א קרענצל און זינגט):

אונטער די גרינינקע ביימעלאך,
שפּילן זיך משהלאך, שלמהלאך,
ציצית, קאפּאָטקעלאך, פּאהלאך...

## פארהאנג.

---

## 2-טער אקט.

(די באָבעשי' ליגט אין בעט, די פענסטער זיינען אָפן און עס זעהען זיך ביימער, שטיל געוויגט פון ווינט.

### 1-טער אויפטריט.

דער וואָלף, די באָבע.

דער וואָלף (הינטער דער טיר).

אוי, איך האָב שוין גאר קיין פּיס נישט!...
אוי, מײנע ביינדעלאך נאָגן מיר פון מידקייט
(קלאפּט). פּוק-פּוק-פּוק...

די באָבע.

ווער קלאַפּט דארט, האַ?

דער וואָלף.

דאָס בין איך, באָבעשי. עפן מיר.

די באָבע.

ווען איך וואָלט געקאָנט, נשמהניו,
וואָלט איך דיר געעפנט. דריק-צו די קליאַמקע.
וועט זיך עפענען די טיר.
(עס קומט-אריין דער וואָלף).

די באָבע.

אוי ווי איז מיר, א וואָלף! טאַטע

הארציגער. א וואָלף איז אריין! א וואָלף! אוי, איך שרעק מיך!..

דער וואָלף.

— שרעק זיך נישט... שרעק זיך נישט... איך וועל דיך נאָר איינבייסן...

(וואַרפט זיך צו דער אלטער אין בעט. די אלטע שפּרינגט האסטיג אראָפּ און לויפט הענדום-פענדום אריין אינם זייטיגן אלקירל).

דער וואָלף (צו זיך).

עהע! זי איז קלענער פאר מיר... שלעכט. עסן ווילט זיך, טרינקען ווילט זיך. וואָס טוט מען? (גיט זיך א קלאפּ מיט דער לאפּע אין שטערן אריין). איך האָב שוין ווידער א פּלאַן. איך וועל אָנטאָן דער באָבעס קופּקעלע, איר קליידל און פּאַטשיילע און וועל מיך לייגן אין בעט אריין. וועט קומען דאָס רויטהיטעלע, וועל איך האָבן א וואוילן פרישטיק...

(וואַרפט-אַרויף אויף זיך דער באָבעס מלבושים מיטן קופּקעלע און קריכט-אריין אין בעט אונטער

דער קאָלדרע, שאָקלט זיך, [illegible]
שטאַרק).

---

### 3-טער אויפטריט.

## רויטהיטעלע.

(עפענט די טיר און בעוויזט זיך אויפן שוועל).

די באָבעשי שלאָפט, די טיר איז אָפן,
אין שטוב איז שטיל, איך שרעק מיך... פאַר-
וואָס איז דא אָפן די טיר?.. (גייט-צו צום בעט
און שפרינגט האסטיג אב). דער וואָלף שלאָפט
נאָר אין דער באָבעס בעט. אויפן קאָפ האט
ער איר קיפּקעלע... אוי, וואו איז די באָבעשי?..
באָבעשי! באָבעשי...

דער וואָלף (עפענט די אויגן).

א, מיין רויטהיטעלע, קום צו מיר.

הענט האָב איך [illegible] און [illegible]

ווי דער בעסטער ברודערל אין דער וועלט...

קום נענטער, מײַן זיסע נשמה...

רויטהיטעלע (אויפגערעגט)

ציין האכטו שפיצינע און לאַפּעס האָסטו אנשטאט הענד און אויף די לאַפּעס גלאנצן שארפע נעגל... וואָלף, זאג מיר, וואו איז מײַן באָבעשי! .

דער וואָלף.

קום-אהער, וועל איך דיר זאָגן.

רויטהיטעלע.

ניין, איך גלויב דיר נישט...

דער וואָלף.

גלויב מיר יא... .

רויטהיטעלע.

ניין, ניין...

—

דער וואָלף.

(שפּרינגט-אַראָבּ פון בעט און וויל זיך וואַרפן אויפן רויטהיטעלען. רויטהיטעלע אַנטלויפט און אַלקערל אַריין.)

דער וואָלף.

שלעכטע געשעפטן מאַך איך דאַ. (קוקט זיך אַרום). שאַ, ווער גייט עס אַהער? דאַכט זיך, אַ יעגער! אַ יעגער! אַ יעגער! אַ יעגער! וועלפל, מאַך פיס! מאַך פיס! בּררררררר!!!

(שפּרינגט-אַרויס דורכן פענסטער און פאַר-שווינדט).

—

4-טער אויפטריט.

נאָין שטוב קומט-אַריין יואל שמש מיט אַ

גרויסן שטעקן אין דער האנט).

יואל שמש (צו זיך)

געזעהן אבימל? אלײדיגע שטוב. קײן לעבעדיגער נפש נישטא. וואו איז די אלטע?
(קוקט זיך ארום).

שטימען (פון אלקירל).

דער וואלף איז אוועק?

יואל שמש (דריקט מיט די אקסלען).

וואסער וואלף? וואסער קאץ?

שטימען.

א וואלף האט אונז געוואלט פארצוקן...

יואל שמש (לאכט).

ניט שוין ארוים פון דארטן. איך זעה דא נישט קײן וועלף.

5־טער אויפטריט.

יואל שמש. רויטהיטעלע. די באבע.

רויטהיטעלע

(מיט אראפגעלאזטע אויגן, ווי פערשולדיגט).

די מאמע האט געהייסן גיין מיטן גלייכן וועג און שנעל, האב איך איר נישט געפאלגט. מיט א וואלף האב איך גערעדט און בלומעלאך האב איך געקליבן..

די באבע (קרעכצנדיג, צו רויטהיטעלען.)

אוי, אוי, אוי, באם האסטו מיר געבראכט דעם וואלף? ער האט מיך אזוי איבערגעשראקן...

רויטהיטעלע (שטיל).

באבעשי, זיי מיר מוחל... מער נישט...

אן ערשט מאָל און אַ לעצט מאָל... איך וועל שטענדיג פאלגן דער מאמען...

## די באבע.

(לייגט איר ארויף די הענט אויפן קאָפּ, ווייך און הארציג).

איך בין דיר מוחל, מיין זיס קינד.
מוחל... מיין טייערע נשמהלע...

(רויט היטעלע נעמט-ארום דער באבען און צילאכט זיך).

## יואל שמש.

(קוקט זיך ארום, דערזעהט דעם קויש, לייגט אוועק דעם שטעקן, רוקט נאָכדעם אריין די האנט אין קויש און כאפט א טענצל).

## רויטהיטעלע.

באָבעשי, אין קוישל ליגן גוטע זאכן,
דאָס האָט די מאמעשי געשיקט. קיכעלאך,
וויין... א געבראטן הינדל...

יואל שמש.

(ציט-אַרויס פון קוישל די פלאַש וויין),

כ'מיין, אין האלז איז טרוקן... דרויסן אזא היץ... דאס ווייַנעלע איז קאַלט און בעט זיך אין האלז...

(כאַפט א טענצל).

יוטהיטעלע (צולאַכט זיך אין ווינגט).

איז געווען א ווּעלפעלע, א ווּעלפעלע,
האט ער מיך גענאַרט,
האט ער מיך גענאַרט...
האָב איך זיך מיט דער באָבעשי
אין אַלקערל פערשפּאַרט.

יואל שמש (העלפט-צו).

בים-באָם, בים-באָם!..

די באָבע.

גרייט צום טיש, מיין קינד, ווען מיר מאַכן א סעודה.

רויטהיטעלע.

(ווארפט-ארויף א ווייסן פערוועט אויפן טיש).

יואל שמש.

אט אזוי, וועט ווערן פריילעכער.

רויטהיטעלע.

(צושטעלט די שטולן ארום טיש, לייגט-אויס די וואלדבלימעלאך אין גלעזער וואסער און זינגט).

איז געווען א וועלפעלע, א וועלפעלע,
האט ער מיך גענארט,
האט ער מיך גענארט...
האב איך זיך מיט דער באבעשי
אין אלקערל פארשפארט.

יואל שמש (העלפט-צו)

בים-באם, בים-באם!..

פארהאנג.

## אין פארלאג "קינדער טעאטער" ווארשא

### איז ערשינען פאלגענדע קינדער פארשטעלונגען:

---

1) אין ווינטערוואלד מעשה'לע אין 1 אקט פון ד. קאסל
2) רויטהיטעלע א קינדערפארשטעלונג אין צוויי אקטן.
3) לאכבלימעלע " " אין איין אקט.
4) דער האלצהעקער " " אין פיר אקטן.
5) פייוועלע בארימער " " אין איין אקט.
6) חנהלע " " אין איין אקט.
7) כאצקעלע דער מזיק " " אין איין אקט.

עס דרוקט זיך נאך אגרויסע סעריע פארשידענע

## קינדער פיעסן

---

מיט באשטעלונגען זיך ווענדן אין בוכהאנדלונג

„קולטור" ווארשא, דזיקע 13

Księgarnia „KULTURA" Warszawa, Dzika № 13.